א. פעראָווסקאַיאַ

# הירשעלע



צענטרפאַרלאַג

מאָסקווע 1928

אָ. פּערעאָווסקאַיאַ

# הירשעלע

אידיש — ש. האַלקין

צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג פון פ. ס. ר.
1929 מאָסקווע

# הירשעלע

הירשעלען האָט מען געבראַכט באַנאַכט. אינם קליינעם שטיבל, אין וואַלד, באַם קאָרדאָן זיינען שוין אַלע געשלאָפן. דורכן רויש פון פאַלנדיקן באַרג-טייכל האָבן זיך געשרייען דערהערט:

— נ-נ-נ-אָ-אָ אָ! אַידאַ!

דער שווער אָנגעפּאַקטער וואָגן האָט זיך א ריס געטאָן און שטיין געבליבן באַם גאַנעק.

די פערד זיינען געשטאַנען אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און שווער געאָטעמט.

דער וואַלד-שוימער איוואַן פּעטראָוויטש טשובאַרין איז פאַרגאַנגען דעם שטיבל אַהינטער און מיטן בייטש-שטעקל אנגעקלאַפּט אין שויב.

— אָט לויף איך עפענען,— האָט זיך פון אינעווייניק דעם ווייבס קאָל דערהערט.

ביז זי האָט אין שטוב זיך געפּאָרעט, האָבן איוואַן פּעטראָוויטש מיט זיין כאַווער פּעדאָט איוואַנאָוויטש עפּעס צעבונדן אזוינס, וואָס איז אַפן וואָגן אויסגעצויגן געלעגן, דערנאָך עס זאָרגזאַם אַף דער ערד אַנידערגעלייגט און די שטריק אראָפּגענומען.

דער הניאַדער פערד, שטאַרק פאַרבענקט נאָך דער היים, האָט אומגעדולדיק מיטן נאָז אין טויער געקלאַפּט.

נאָר באַלד האָבן זיך די טויערן צעעפנט און דער וואָגן איז בריייט אריינגעפאָרן אין הויף.

— אַנאַ איוואַנאָוונאַ— האָט פּעדאָט איוואַנאָוויטש צו דער באַלעבאָסטע זיך געווענדט — וואוהין וואָלט מען, אַן ערעך, געקאָנט דעם פּאַסאַזשיר אַהינטאָן? מיר האָבן די, קינדער אַ מאַטאָנע געבראַכט (ער האָט אָנגעוויזן אַף אַ קליין באַשעפעניש, וואָס אינדערפינסטער האָט עס אויסגעזען, ווי אַ ערשט געבוירן קעלבל).

— ס׳אַראַ קליינינקס! ס׳אַראַ וואוילס! עס איז געוויס מיד, נעבעך, זע, ווי ס׳טרייסלט זיך! — האָט אַנאַ איוואַנאָוונאַ אַ זאָג געטאָן פאַרוואונדערט, דערזעענדיק דעם גאַסט.

— פיר עס אקאָרשט אַהער אין שטעלכל אַריין. אָט אַזוי. דאָ אַפן היי וועט עס זיך אַביסל אויסרוען.

— און אָנהאָדעווען דאַרף מען עס ניט?

— ניין, אַצינד וועט עס גאָרניט עסן. ערשט פון וועג. געגוג זיך אנגעטרייסלט. זאָל עס אָפּרוען. אינדערפרי וועסטו אים אַביסל מילך געבן.

טשובאַרין האָט גענומען די „מאַטאָנע” אַף די הענט, אין שטעלכל אַריינגעטראָגן, פריש היי אויסגעבעט און לאַנגזאַם, פאָרזיכטיק דעם גאַסט אַנידערגעלייגט.

— נו און איצט — האָט ער אַ זאָג געטאָן צום ווייב פאַרשפּאַרנדיק די שטאַל — האָדעווע אונז אָן. פעדאָט איוואַנאָוויטש מוז געוויס הונגעריק זיין.

פאַרבייגייענדיק האָט טשובאַרין גוטמוטיק אַף מאַלאַיִקן זיך אנגעבייזערט.

מאַלאַיִק איז פאַר פרייד שיר פון זינען ניט אַראָפּ. ער איז אַקעגן די פערד געשפּרונגען, דערנאָך געוואָלט זיין פרייד דעם באַלעבאָס באַווייזן איז ער, שטייענדיק אַף די הינטערשטע פיס, מיט די פאָדערשטע אים אפן ברוסט געקראָכן, דערנאָך די שטיוול באַלעקט און פלוצים מיט אַ קוויטש און בילעריי איבערן הויף אין אַ דריידל זיך געלאָזט.

אַריינגייענדיק אין שטוב האָט מען אויפגעוועקט וואסיען — טשובאַרינס עלטערן זון. איז ער צום טייכל אָוועק און אַן עמער וואַסער געבראַכט.

אַפן גאַנעק האָט דער סאַמאָוואַר פאַרזאָדן.

באַם טיי האָט מען דערציילט, ווי אַזוי הירשעלע איז געבליבן שטיין איינער אַליין אין וואַלד נעבן דער מוטער זיינער, וועלכע פרעמדע יעגער האָבן דערהאַרגעט.

— ס׳איז פּאָשעט אַ פאַרברעכן אנהויב פרילינג ארויסצוגיין אַף יאַגד. איך האָב מיט זיי ניט איין מאָל שוין געאַמפּערט זיך. נו, וואָס טוט מען אַצינד מיטן יאָסעמל, מיטן איבערגעבליבענעם? ס׳האָט נאָך געפּרוווט זיך ראַטעווען פון אונזערע הענט. אנטלויפן געוואָלט. קוים אַ לעבעדיקס אַהיים געבראַכט צופירן. זאָל עס וואַקסן, האָדעווען זיך אין

הויף — האָט טשובאַרין געזאָגט, און זיין ווייב אַנאַ איוואַנאָוונאַ האָט מיט אים מאַסקים געווען.

איר איז הירשעלע פון דער ערשטער רעגע אָן געפעלן געוואָרן, דער־פאַר האָט זי באַלד אָפּן מאַנס פאָרשלאַג איינגעשטימט.

נאַסטיע און פעטקאַ, וואָס זיינען אָפן אויוון געשלאָפן, האָבן זיך אויך אויפגעכאַפּט. דערהערט, אַז דער טאַטע מיט דער מאַמען ריידן וועגן עפּעס אַ מאַטאָנע האָבן זיי די קעפּלעך פון אונטערן פאָרהענגל אַרויסגע־שטעקט:

— מאַמע, — האָט פעטקאַ אַ פאַרשלאָפענער אַ פרעג געטאָן — און עסן קאָן מען עס?

— אָט אַ נאַר! — האָט זיך נאַסטיע צעלאַכט (זי האָט דעם טאַטנס לעצטע ווערטער געהערט) — ער איז דאָך אַ לעבעדיקער. מאַמע, ווער איז ער?

— שלאָפט, שלאָפט, — איר וועט מאָרגן זען.

*

אַף מאָרגן איז אַנאַ איוואַנאָוונאַ אויפגעשטאַנען גאָרפרי, באַגינען. אויפגעוועקט וואַסקען און ביידע אין הויף אַרויס.

די פערד זיינען אַ גאַנצע נאַכט אָן עסן געשטאַנען. האָבן זיי זיך גוט אויסגעהונגערט און, דערשפּירנדיק מענטשישע טריט, לייכט זיך צעהירזשעט וואַסיע האָט פון זיי די שפּאַן אַראָפּגענומען, און צום טייכל אַוועק־געפירט. דאָרט האָבן זיי וואַסער געטרונקען און צוריקקומענדיק געשמאַק אַף ביידע באַקן דאָס היי געקייט.

אַנאַ איוואַנאָוונאַ האָט אויסגעמאָלקן די בעהיימע און געלאָזט זי גיין פון הויף אַרויס. די בעהיימע איז אַוועק אין די בערג זיך פיטערן.

אַנאַ איוואַנאָוונאַ איז אַריין אין שטוב, אָפּגעגאָסן אין אַן עמער אַביסל וואַרעם מילך, דערנאָך צום אויוון צוגעגאַנגען און שטילערהייט נאַסטיען געוועקט.

— נו, נאַסטיושקע, שטיי אויף, מיר וועלן גיין אונזער גאַסט געוואָר־ווערן.

נאַסטיע האָט זיך טייקעף אויפגעכאַפּט, אפגיך דאָס קליידעלע אָנ־געטאָן און באַלד נאָך דער מאַמען אין הויף ארויסגעלאָפן. זי האָט אינ־גאַנצן געציטערט, ניט אַזוי פון אינדערפריאיקער קעלט, ווי פון גרויסער פרייד און אויפרעגונג.

די טיר פון שטעלכל איז שוין געווען ברייט צעפּראלט און וואַסיע האָט דאָרט אינעווייניק צו עמעצן גוטמוטיק גערעדט:

— נו, נו, נאַרעלע, זאָל שוין זיין גענוג.

נעבן אים אָפּן שטרוי איז געשטאַנען אַ קליינינק הירשעלע און האָט זיין פינגער געזויגן.

נאַסטיע האָט זיך אַזש פאַרכלינעט פאַר פרייד. זי איז צוגעגאַנגען נעענטער, זיך צוגעזעצט אויף די שפּיץ-פינגער און גענומען גלעט אים איבער זיין צאַרט פיסקעלע און איבער זיינע שלאַנקע דינע פיסעלעך. זי האָט אים אין די אויגן אַריינגעקוקט און ניט אויפגעהערט נאָכצופרעגן זיך:

— פאַרוואָס זיינען בײַ אים די פיסעלעך אַזוי דין? וויפל איז ער אַלט? וואו איז זיין מאַמע? איז ער אָפּן וואָגן געקומען צו פאָרן? זעט נאָר, זעט, ווי ער לעקט די האַנט מיינע. ער איז געוויס זייער הונגעריק!

אַנאַ איוואַנאָוונא האָט אים אַריינגעשפּאַרט אַ פינגער אין מויל און דערנאָך אים דעם קאָפּ אין עמער אָנגעבויגן. הירשעלע האָט פאַרשטאַנען איר מיין — האָט ער פריער עטלעכע מאָל דעם פינגער אַ זויג-געטאָן און דערנאָך גענומען זיך פאַרן מילך, וואָס אין עמער. ער האָט גיך און דור-שטיק געשלונגען, פאַרכלינעט זיך, ווען עס איז אים מילך אין די נאָזלע-כער אַריין.

זיינע דינע, שלאַנקע פיס האָט ער ברייט פאַנאַנדערגעשטעלט — ער זאָל זיכערער שטיין, אָדער, ווי נאַסטיע האָט דערקלערט, קעדיי עס זאָל מער אין אים אַריין. פון צייט צו צייט פלעגט ער מיטן קאָפּ אין דעק פון עמער קלאַפּן; אַזוי טוען אויך זויג-קעלבעלעך. זיי קלאַפּן מיטן קאָפּ אין אייטער, די קו זאָל זיי מער מילך געבן.

ביז הירשעלע האָט געגעסן, זיינען וואַסיע און נאַסטיע נעבן אים געשטאַנען, געגלעט דאָס זיידענע רוקנדל זיינס און אָנגעקוואָלן.

הירשעלע איז געווען אַ קינד פון אַן אַזיאַטישן הירש, אָדער מאַראַל, וועלכע טרעפן זיך זייער זעלטן אין די בערג פון סעמירעטשיע.

די פיס זיינען בײַ אים געווען דינע און לאַנגע, די קליינע טלאָען — שאַרפע און גלאַנציקע, אַ דין העלזל, אַ קיילעכדיק קעפּל מיט גרויסע ווייך-זיידענע אויערן, וועלכע ער האָט שטענדיק געהאַלטן אין איין באַ-וועגן. די אויגן זיינען בײַ אים געווען גרויסע, שוואַרצע ווי פלאָמען, דער שטערן — אַ ברייטער, אַ נעזל — אַ קליינס מיט צוויי שטאַרק פאָכנדיקע נאָזלעכער. דער וואוקס — ווי אַ ערשט-געבוירן לאָשעקל.

דאָס זײַדן פעלעכל האָט זיך, ווי געבעטן: גלעט מיך. פון ביידע זײַטן רוקנדל האָבן זיך עטלעכע ווייסע פלעקן געבלייכט. קיין ווידל האָט עס קימאַט אינגאַנצן ניט פארמאָגט.

— ווי רופט מען אים, מאַמע?

— הירשעלע רופט מען אים — האָט וואַסיע אפגעענטפערט פאר דער מאַמען; וואַסיע האָט אים נאָך נעכטן געזען און דערפאַר זיך געפילט היימישער מיט אים.

און הירשעלע האָט דערווייל אויסגעטרונקען דאָס לעצט ביסל מילך, אנגעבויגן דעם עמער און די דעק אויסגעלעקט. ער האָט קונציק מיט זיין פיצל ווידעלע געשאָקלט און מיטן קאָפּ דעם עמער געשטויסן.



נאָך א שטארקן שטויס איז דער עמער פון שטאַל ארויסגעפלויגן. הירשעלע איז נאָכן עמער אַרויס און ווידער אין אים דעם קאָפּ אריינגע-רוקט און אזוי איבערן הויף זיך ארומגעדרייט.

הירשעלע איז געווען זיכער, אַז דער עמער וועט, ווי די מאַמע-היר-שעכע נאָך א גוטן קלאַפּ אין גאַנצן אייטער, א איבעריק ביסל מילך דער-לאַנגען.

אַפן גאנעק איז דער קליינער פעטקא ארויס. ער איז נאָרוואָס פון אויוון אראָפּ און פארשלאָפן דעם הויף באַקוקט.

הירשעלע האָט נאָך אלץ ארומגעטאַנצט מיטן עמער. איבערצייגנדיק זיך אָבער, אַז דער עמער מעלקט זיך ניט מער, האָט ער דעם קאָפּ פאַרהויבן, די פיס צעשטעלט און זיך אַרומגעקוקט. לאַנגזאַם איז ער צו מאַלאַיקן צוגעגאַנגען, דעם קאָפּ אקעגן אים פאַרנויגט און גענומען אויסשפּרינגען מעשונע-ווילדע טענץ.

מאַלאַיק איז אויפגעשפּרונגען, א קוק געטאָן ביז אַפן טענצער און זיך אַזוי צעהאַווקעט, אז הירשעלע האט פלינק-פייל אויסן בויגן זיך אפּגעטראָגן, אַהינטער אנא איוואַנאָוונאַ זיך באַהאַלטן. ער האָט פאָרזיכטיק דעם קאָפּ פון זיין באַהעלטעניש אַרויסגערוקט, אַף מאַלאַיקן געקוקט און זיך צעלאָזט אף אַ דין קעלכל מיט אַ קוויטשיקן אי! - אי! - איק...

די נאָזלעכער האָבן זיך בא אים אויפגעבלאָזן, די אויערן אָנגעשפּיצט און די זייטעלעך אונטער דער הויט זיינען, ווי אומגעגאַנגען. פאר שרעק האָט ער שווער און אָפּגעהאקט געאָטעמט.

פעטקא האָט זיך שטאַרק צעלאַכט און פאַר פרייד אַזש טאנצן אָנגעהויבן.

— זעסט, ער קוויטשעט, ווי אַ קעצל קוויטשעט ער, און מאלאַיק דערלאַנגט אים, זעסט!

— איך רעכן, אַז דו וואָלסט אויך ניט בעסער געווען אַף זיין אָרט, — דער טאַטע האָט פעטקען אף דער האַנט גענומען און הויך, איבערן קאָפּ אים אויפגעהויבן.

אַז ס'האָט אויפגעזאָדן טיי און אלע זיינען אין שטוב אריין, איז זיי הירשעלע נאָכגעגאַנגען. ביז אַלע האָבן געטרונקען, איז ער זיך איבערן צימער ארומגעשפּאַצירט, מיט די טלאָען געקלאַפּט און אַרומגעשמעקט אַלץ. ער האָט דאָס העלזעלע פאַריסן, דעם קאָפּ געשפּאַרט אין די שויבן און אונטערן בעט, אין אלע קריגעלעך אַריינגעקוקט און אַוועק אין אַ צווייטן צימער, דערנאָך איז ער צוריק געקומען, אויסגעקליבן פאַר זיך אַ וואויל ערטעלע, אַפן מיטן שוועל, מיט אַ זיפץ אף די קני זיך אראָפּגעלאזט און אַנידערגעלייגט זיך.

ניט ווייט פון הירשעלען איז אַ ווייס שטיקל פּאַפּיר געלעגן. האָט ער עס מיט די ליפּן דערלאַנגט, מיט אַ שאָרך אין מויל פאַרכאַפּט, און מיט גרויס אַפּעטיט עס קייען גענומען.

דער פּיריאָריקער פּעטקאַ, דערזעענדיק, אַז הירשעלע עסט פּאַפּיר, האָט אַף אים ראַכמאָנעס געקראָגן און אים אַ האַרט שטיקל ברויט דער-לאַנגט. הירשעלען איז עס געפעלן געוואָרן און דערפאַר האָט ער אים גע-לאָזט גלעטן זיין ווייך פּעלעכל און עפּעס האָט ער אים, ווי אָפּגעדאַנקט, מורמלענדיק שטיל אונטער דער נאָז.

נאָכן טיי האָבן כעוורע אַ גאַנצן טאָג בײַם טייכל זיך געשפּילט און הירשעלע איז מיט דער באַלעבאָסטע אין שטוב פאַרבליבן; ער איז איר פוס-טריט נאָכגעגאַנגען, ער האָט זי פון אויג ניט געלאָזט — אין הויף, אין שטאַל, בײַם אויוון — אומעטום האָט ער זי פאַרפאָלגט, אַף קיין רעגע ניט אָפּגעלאָזט.

די גאַנצע צייט, וואָס אַנאַ איוואַנאָוונאַ האָט דעם וואַרמעס צוגעריכט איז הירשעלע געלעגן שטיל און נאָר מיט די אויערן באַוועגט.

בלייבן איינער אַליין אין הויף איז אים אומעטיק געווען און ניט היימלעך.

נאָכלויפנדיק נאָך דער באַלעבאָסטע איבערן הויף, פלעגט ער מיט מאַלאַיקן זיך באַגעגענען, אָנשטעלן אַקעגן אים דעם קאָפּ און פון קאַעס מיט די פיסלעך טופּען — באַווייזן געוואָלט, אַז ער, הירשעלע, האָט נאָך אים דאָס אינדערפריאיקע ניט פאַרגעסן.

מאַלאַיק פלעגט אין אַזוינע פאַלן אים ענטפערן אַף זיין הינטישן לאָשן, פראָסט און אויסדריקלעך: אַר-ר-ר!..

מיטאָג-צייט האָט זיך הירשעלע שטאַרק אויסגעהונגערט. ער האָט די גאַנצע צייט דער באַלעבאָסטע אונטער די פיס זיך געפּלאָנטערט און מיטן קאָפּ אין בויך איר געקלאַפּט.

הירשעלע האָט אָפּאָנעם געמיינט, אַז זי, די באַלעבאָסטע, איז אַ מאַמע זיינע, און דערפאַר איז זי מעכויעוו אים האָדעווען, און דאָס קלאַפּן מיטן קאָפּ אין בויך האָט געזאָלט הייסן: דערלאַנג מילך — און אַ סאָך...

אַנאַ איוואַנאָוונאַ האָט, לאַכנדיק און אויסמיידנדיק הירשעלען, זיך צוגעאיילט מיטן צוגרייטן עסן פאַר אים.

ווען זי האָט דעם עמער אַף דער ערד אוועקגעשטעלט, האָט שוין הירשעלע אַליין דעם קאָפּ אין עמער אַריינגערוקט און גענומען טרינקען.

ער איז אַזוי דורשטיק געווען, אַז כּמעט די ערשטע זופּן איז שוין דער עמער אַף אַ זייט געלעגן און ווייסע שטראָמעלעך מילך האָבן זיך אין אַלע זייטן צערונען.

— אך דו גאָרנישט איינער! — האָט אַנאַ איוואַנאָוונא אף אים זיך אָנגעבייזערט, — וואָס האָסטו עס אָנגעטאָן?

נאָר רייד ניט רייד — און מילך דאַרף מען געבן, ווייל ער האָט שוין ווידער אָנגעבויגן דעם קאָפּ און איז גרייט געווען מיטן קאָפּ אין בויך איר דערלאַנגען.

די ערשטע צייט איז הירשעלע נאָכגעגאנגען דער באַלעבאָסטע, ווי אַ צוגעבונדענער. אַסאַך געגעסן און געשלאָפן.

אַף די קינדער האָט ער קיין אַכט ניט געלייגט, ניט געקוקט אף דעם. וואָס זיי האָבן געטאָן אַלץ, וואָס נאר מעגלעך איז, קעדיי צו געפעלן אים.

עמעס, ער האָט זיך קיינמאָל ניט אפּגעזאָגט צו נעמען באַ זיי פון דער האַנט אַן עפּל, אַ באַר, אַ הארט שטיקל ברויט און וואָס נאָר עס האָט זיך געמאַכט, נאָר אלץ מיט אַ מינע פון גלייכגילט — ווי ער וואָלט זיי מיט דעם אַ גרויסע טויווע געטאָן.

אזוי איז אדורך אַ כאַדאָשים צוויי. פאַר דער צייט האָט הירשעלע זיך צוגעוואוינט צו מענטשן און צו אלץ, וואָס רינגלען זיי ארום. פאר הינט האָט ער שוין מער קיין מוירע ניט געהאַט אזוי, און אָפט פלעגט ער אַוועקגיין שפּאַצירן גאַנץ ווייט פון דער היים.

די ווייסע פלעקן פון רוקן זיינען פארשוואונדן, און די האר פון זיין דין פעלעכל האָבן גענומען אויסקריכן. (ווייסע פלעקן טרעפן קימאַט באַ אלע קינדער פון א הירש, אָדער פון א ווילדער ציג, נאָר קליינערהייט. ווי נאָר זיי וואַקסן אונטער — פארשווינדן זיי). אפן שטערן באַ הירשעלען האָבן זיך צוויי קליינע בערגעלעך אויפגעהויבן — דאָס האָבן זיך שוין באַ אים הערנער געשניטן.

אנאַ איוואנאוונא האָט הירשעלען זייער ליב געהאַט, אים גוט געהאָדעוועט, און הירשעלע איז געוואקסן הויך, שיין און גרויס.

ער פלעגט שוין אויסטרינקען פולע קריגלעך מילך. איינמאָל האָט מען אים דערלאַנגט אין עמער מילך צעמישטע מיט וואַסער, האָט הירשעלע פון דעם נאר איין זופּ געטאָן, דערנאָך מיטן פוס דעם עמער איבערגעקערט און אויס — הירשעלע האט צו מילך קיינמאָל מער זיך שוין ניט צוגערירט.

מיט דעם האָבן זיך זיינע קינדער-קעסט געענדיקט. הירשעלע איז ארי-

בער אף אן אנדער שפּייז — איניינעם מיט דער בעהיימע קלייען געגעסן און מיטן פערד האָט ער אינם האָבער שוטפעס געמאַכט.

פאר די פערד האָט הירשעלע מוירע געהאַט — זיי האָבן דאָס שוטפעס ניט געוואָלט ליידן און פלעגן זיך בייסן.

איוואן פעטראָוויטש, קעדיי אויסמיידן קריג, פלעגט אים באַזונדער, אין א ווינקעלע, אַביסל האבער אָנשיטן.

דערפאַר מיט דער בעהיימע האָט ער זיך גאָר אנדערש אויפגעפירט: אַז מע פלעגט איר אין אַ צעבער עסן דערלאַנגען, פלעגט ער זיך צוגיין, דעם קאָפּ אין צעבער ארייַנשפּארן און רואיק נעמען עסן. און זי, די בעהיימע, שטייט אן א זייט, קוקט, און דערוועגט זיך אַפילע ניט צוגיין נאָענט.

אַך, דו לעך איינער! — פלעגט עמעץ פון די עלטערע אף אים זיך אנבייזערן, זעענדיק די אַוולע, וואָס הירשעלע באַגייט דאָ.

און הירשעלע פלעגט אויפהויבן דעם קאָפּ, אָנשפּיצן די אויערן, עט-לעכע שיינע טענץ אויסשפּרינגען, דעם פּלויט אריבער, און באַלד אפן בארג ארויף.

עסן האָט הירשעלע ליב געהאט אַסאַך, און פון נאַשערייען איז דאָס בעסטע געווען — שטיקלעך ניט דערויכערטע פּאפּיראָסן. אַ גאַנצן טאָג פלעגט ער ארומגיין ארום שטוב און אונטערקלייבן זיי; אכוץ דעם פּאפּיר האָט ער ליב געהאט, אפּאָנעם, קייען די שטיקלעך איבערגעבליבענעם טא-באק, וואָס אין זיי.

און לויפן האָט ער ליב געהאט, און שפּרינגען אסאך, — ווי ס׳וואָלט אין זיינע אָדערן ניט קיין בלוט, נאר קוועק-זילבער געפלאסן. ער אליין פלעגט זיך צוטראכטן אלערליי שטיק און שטיפערייען.

איינמאָל האָט אַנא איוואנאָוונא גרעט צעוואשן און אין הויף אף א שטריק עס טריקענען צעהאנגען. איז הירשעלע צוגעגאנגען, דעם גרעסטן נייַסטן ליילעך אויסגעקליבן און גענומען קייען איינעם פון די ברעגן זיינע. דערנאָך זיך אָנגעטראכט, — דעם ליילעך פון שטריק אראָפּגעשלעפּט, איבערן קאָפּ אים פארוואָרפן און, שלעפּנדיק אים נאָך זיך, פייערלעך פון הויף אַרויס.

א גליק, וואָס מע האָט עס באמערקט און באצייטנס דעם ליילעך בא אים פון די ציין ארויסגעראטעוועט. נאָר ער איז שוין געווען אין אסאך ערטער אזוי צעלעכערט, אז אונטער די הענט איז ער געקראָכן.

אָט די טעווע פון קייען אלץ, וואָס ס׳מאכט זיך נאָר, איז בא היר-

שעלען געוועזן איינע פון די ערגסטע, און מיט דעם האָט ער די באלעבא-טים אסאך העזעק אנגעטאָן: אף די פענסטער-פארהענגלעך, אף די טיש-טעכער און האנטעכער זיינען געוועזן צייכנס פון הירשעלעס ציין. אפן סא-מע פאָרנט פון נאסטיעס קלייד האָט ער א גרויסע, קיילעכדיקע לאָך אויס-געגעסן.

האָבן זיך עס דאן אביסל טרערן געגאָסן! האָט זיך עס דאן אָפּגעטאָן! די ארבעט פון קייען האָט הירשעלע געקאָנט אויסגעצייכנט.

אמאָל האָט טשובארין נויטיק געהאט א שליסל געפינען, האָט ער אים געזוכט אף זיין שטענדיקן אָרט און ניט געפונען. דערנאָך די גאנצע שטוב איבערגעקערט און גאָרניט — פארפאלן, ווי אין דער ערד אריין. אפּגערעכן דעם שלאָס איז א שאָד געווען: א גוטער שלאָס, אן ענגלישער. און דער שליסל צו אים — א דינער, א פלאטשיקער, אף א לאנגן דינעם רימענדל אויפגעהאנגען.

— ווער האָט עס געקאָנט צונעמען? וואָס איז דאָס פאר אן אומגליק, האָט איוואן פּעטראוויטש זיך געקאעסט.

אלע האָבן זיך שוין מעיאעש געווען און פארלאָרן יעדע האָפענונג צו געפינען דעם שליסל. ערשט פלוצים האָט אנא איוואנאוונא באמערקט, אז הירשעלע קײַט עפּעס אַ שווארצס, האָט זי עס בא אים פון מויל ארויס-געשלעפּט און דערקענט דאָס רימענדל, אף וועלכן דער שליסל איז גע-האנגען. דער שליסל איז, אפּאָנעם, אין אינגעווייט אריין.

פריער האָבן זיי זיך באַאומרואיקט, אז דער אייזערנער שליסל קאָן אים נאָך שאָדן, כאָלילע, נאָר שפּעטער האָט זיך אויסגעלאָזט, אז הירשע-לעס מאָגן פארדייעט אפילע אזוינע מינים שפּייז, ווי שליסלען אויך.

אַמאָל האָט איוואן פּעטראָוויטש באַמערקט, אַז הירשעלע קײַט עפּעס אַ לאַנגן, ווייסן פּאַס. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ רימען פון פערד-געשפּאַן, צוויי אַרשין די לענג, מיט אַ קופּערנעם רינג אינמיטן. פון לאנג קייען איז דער פּאַס ווייך און צעקראָכן געוואָרן און פון לאַנג האַלטן אין מויל איז ער געוואָרן אינגאַנצן ווייס.

*

אַזוי איז דער זומער אַוועק און דער ווינטער נאָך אים, און הירשעלע איז שוין גרייט געווען דעם צווייטן פרילינג באַגעגענען. העכער איז ער געוואָרן פון א יאָריק קעלבל. אַ הויך, שטייף קערפּערל פארמאָגט. פּיסע-לעך — דין און אויסגעטאָקט. דעם קאָפּ האָט ער שטענדיק געהאַלטן

גאַדלעסדיק פאַרהויבן. הירשעלע איז געווען בעממעס א וואונדערבאַר-שיינע באַשעפעניש.

הערנער האָבן זיך שוין באַ אים אויסגעשניטן. פון אָנפאַנג זיינען זיי געווען מיט דינע, ווייכע הערעלעך באַדעקט און אַז ער פלעגט מיט די הערנער אַקעגן זון זיך שטעלן האָט מען מאַמעש געזען, ווי ריין, ראָז בלוט פליסט אין זיי.

פאַר אָט דעם בלוט צאָלן די כינעזער זייער טייער. זיי וועגן עס אַף איין וואָג מיט גאָלד — ווייל אין רעפועס ברויכן זיי עס. אזוינע מאַראַלן האַלטן זיך באַ זיי אויף אין ספּעציעל פאַר דעם אויסגעבויטע געביידעס, און ווען זיי וואַקסן אונטער און די הערנער געפינען זיך אין דעמדאָזיקן צו-שטאַנד — זעגט מען זיי אַראָפּ.

דאָס איז זייער אַ ווייטיקדיקע אָפּעראַציע און גאַנץ אָפט טרעפט, אז די יונגע מאראלן האַלטן עס ניט אויס און שטאַרבן אַוועק.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָ האָט קיינער ניט געקליבן זיך עס צו טאָן. אַלע האָבן צו הירשעלען זיך צוגעוואוינט און אים שטאַרק ליב גע-קראָגן.

ביז די הערנער זיינען נאָך ווייך געווען האָט הירשעלע ליב געהאַט זיך צערטלען, צו מענטשן צוגיין, דעם קאָפּ אָנבויגן, און מע האָט געמוזט אים די הערנער אַ גלעט טאָן. זיי זיינען געווען הייס און זייער פילבאַר צו יעדן מינדסטן ווייטיק. באַ יעדן מער שטאַרקערן ריר מיטן פינ-גער פלעגט ער אויפציטערן און אָנהויבן שלאָגן זיך מיט די פיס.



דאָס האָט געהייסן: פאָרזיכטיק, עס טוט מיר וויי.

די קינדער האָבן הירשעלען זייער ליב געהאַט. גאַנצע טעג געשפּילט זיך צוזאַמען, און אַז זיי פלעגן אין וואַלד אוועק, אדער ווייט אין די בערג, איז הירשעלע זיי שטענדיק נאָכגעגאַנגען.

דאָס איז געווען אַן אויסטערליש בילד: איוואַן טשובאַרינס קינדער מיט זייערע כאַווייריםֿ פונם שכייניִשן קירגיזן-אַאול, אַ פיר—פינף הינט, און הירשעלע אינמיטן.

בלייבן איינער אַליין אין הויף האָט הירשעלע קיינמאָל ניט ליב געהאַט, און ביפראַט די לעצטע צייט האָט אים עפּעס מאָדנע געצויגן צו מענטשן.

איינמאָל האָט אים נאַסטיע מיט עפּעס איינגערויגעזט און דערנאָך אין אַ שפּאַס זיך לויפן געלאָזט. הירשעלע האָט זיך נאָך איר לאַנג נאָכגעיאָגט. נאַסטיע איז אַפן גאַניק ארויפגעשפּרונגען און פון דאָרט אים אַ לאַנגע צונג באַוויזן.

הירשעלע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, דאָס פּאָנעם פאַרקרימט און האָט איר אויך... אַ צונג באַוויזן און דערצו נאָך ארויסגעלאָזט אַ שפּאָטיש: פּ...פּ...פּ...פּ...

וואַסיע און פעטקאַ האָבן פאַר פרייד פאַר די זייטן זיך געהאַלטן:

נו, א יאט! נו. אַ כעוורעמאַן!—זעסט, ווי ס׳גיט אויסגאָבּ!

און כעוורע האָבן אָנגעהויבן אָפּטער רייצן הירשעלען מיט דעם: באַווייזן אים אַ צונג און דערנאָך אַפן גאַנעק אַרויפשפּרינגען באַהאַלטן זיך. הירשעלע האָט גוט פאַרשטאַנען די שפּיל—פלעגט ער זיי אָפּוואַרטן ביז זיי פלעגן אַרויס, דערנעענטערן זיך צו אים, און דערנאָך זיי נאָכלויפן, ביז די קינדער פלעגן ווידער אַפן גאַנעק ארויף.

אַזוי האָבן זיי זיך גאַנצע טעג געשפּילט ביז די הערנער זיינען באַ אים פאַרהאַרטעוועט געוואָרן, און דאַן האָבן זיי שוין כאַראָטע געהאַט, וואָס זיי האָבן אים צו אַ שפּיל אַזאַ צוגעוואוינט.

אַז די הערנער זיינען געוואָרן האַרטע, האָבן די הערעלעך גענומען אויסקריכן פון זיי. הירשעלע פלעגט מיט זיי אָן די בוימער זיך רייבן—געוואָלט וואָס גיכער דאָס דינע פעלעכל פון זיי פאַרניכטן.

הירשעלעס הערנער זיינען געווען ניט קיין גרויסע, ניט קיין פאַרצווייגטע—איינפאַכע.

אַפן צווייטן יאָר, ווען די הערנער זיינען אָפּגעפאַלן, האָט ער אַנדערע באַקומען—שענערע, מיט צוויי אָפּצווייגן קליינע.

מיט יעדן יאָר האָבן זיך זיינע הערנער מיט אַלץ נייע צווייגעלעך באַרייכערט, און אַזוי ביז ער איז געוואָרן רייף און דערוואַקסן. לויט דער

צאָל צווייגעלעך אַף די הערנער דערקענען געניטע יעגער, וויפל איז אלט דער אָדער יענער הירש, און זיי האָבן קיינמאָל קיין טאָעס ניט.

באַקומענדיק שאַרפע, שטאַרקע הערנער האָט הירשעלע דעם קאָפּ פאַריסן און גאַדלעסדיק אין הויף און ארום הויף אַרומשפּאַצירט.

דורכגייענדיק אַמאָל דעם הויף, האָט הירשעלע מיטן פוס מאלאַיקס וואַרמעס פון שיסעלע אויסגעקערט.

נו, וואָס גייט אים איצט אָן, דעם גרויסהאַלטער! — האָט זיך נאַסטיע געקאַעסט. און מאלאַיק, דערזעענדיק, אַז ער איז אָן וואַרמעס געבליבן, האָט זיך בייז צעציינערט און שטאַרק בילן אָנגעהויבן.



נאָר, אָנשטאָט ער זאָל זיך דערשרעקן און, ווי אַלעמאָל, אָפּלויפן אָן אַ זייט, האָט ער דעם הערנערדיקן, באַוואָפנטן קאָפּ אָנגעבויגן, אף מאַלאַיקן זיך אַרויפגעוואָרפן, צום וואנט פון שטאל אים צוגעדריקט און, שטייענדיק אַף די הינטערשטע פיס, מיט די פאָדערשטע דעם הונט געשלאָגן. מאלאַיק האָט פאַר ווייטיק אַזש וואָיען אָנגעהויבן.

דערהערנדיק די געשרייען, זיינען די הויפיקע באַלד צו הילף געקומען.

נאָך עטלעכע אַזוינע צופאַלן האָבן די הינט פאַר הירשעלען שוין מוי-רע געהאַט, ווי פאַר פייער. דערפאַר אָבער, ווען עס פלעגן אים די הער-נער אָפּפאַלן, האָבן זיי זיך אין אים נויקעם געווען, וויפל זיי האָבן נאָר געקאָנט.

איינמאָל האָט פּעטקא באַם וואַרמעס אַ שטיק קאַוון באַקומען, איז ער אַרויס אין הויף — געוואָלט הירשעלען די שאָלעכץ אונטערטראָגן.

פּלוצים האָבן זיך שניידנדיקע געשרייען דערהערט. אַלע זיינען אין הויף אַרויסגעלאָפן: — פּעטקא איז אין הויף אַף אַלע פיר געשטאַנען, און אַף אים, אַף זיינע פּלייצעס האָט הירשעלע אין אַ טאַנץ זיך געלאָזט. מאַ-לאַיִק, דערזעענדיק אַזוינס, האָט אַף הירשעלען זיך אַרויפגעוואָרפן.

הירשעלע איז באַלד אָפּגעטראָטן, וואָווילינגעריש פאַרנויגט זיך, דעם פלויט אַריבערגעשפּרונגען און אין די בערג פאַרשוואונדן.

אַז פּעטקא האָט זיך באַרואיקט אַביסל, האָבן אַלע דעם גאַנצן איניען באַטראַכט און באַשלאָסן: ס׳איז פּאָשעט פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטייעניש — הירשעלע האָט פּעטקען ניט פאַרשטאַנען.

— אַז די קינדער זיינען אַליין שולדיק: פריער רייצן זיי אים, שפּאַרן די פינגער גלייך אין פּאָנעם אַריין, נו, האָט ער אַצינד אויך געמיינט, אַז פּעטקא רייצט זיך מיט אים. וואַרט, וואַרט, באַלד וועלן אים די הערנער קרעפּטיקער ווערן וועט ער אייך באַווייזן, וואָס ער קאָן, — האָט איוואַן פּעטראָוויטש גוטמוטיק די קינדער געוואָרנט.

און אַזוי איז טאַקע געווען. הירשעלע האָט עס דערוויזן.

פאַרנאַכט, אַז הירשעלע האָט זיך פון שפּאַציר אומגעקערט האָט אים איוואַן פּעטראָוויטש אַף עטלעכע טעג אין שטאַל פאַרשפּאַרט — זאָל ער וויסן, ווי אַף קינדערשע פּלייצעס צו טאַנצן.

אַפן צווייטן טאָג איז הירשעלען שטאַרק אומעטיק געוואָרן, איז ער אַרומגעגאַנגען פון איין ווינקל אין צווייטן און געזיפצט. ס׳האָט זיך אים שטאַרק געגלוסט אַף דער פריי אַרויס, זיך אַדורכלויפן איבערן הויף, מיט עמעצן פאַרטשעפּען זיך, עמעצן אַ שטויס טאָן און סטאַם זיך דורכטאַנצן אַביסל.

אַפן דריטן טאָג איז ער אומגעדולדיק און בייז געוואָרן. אהין און צו-ריק אַרומגעלאָפן און אַלץ דעם קאָפּ אין די שטאַל-פענסטערלעך גע-שפּאַרט.

— וואַסיע — האָט נאַסטיע אַ זאָג געטאָן — פונדעסטוועגן אַ ראַכמאָנעס אַף אים, ער מוז גוט הונגעריק זיין, און מע דאַרף אים אביסל היי געבן.

— נישקאָשע, איך האָב אים דאָ ניט לאַנג האָבער אָנגעשאָטן.

נאַסטיען האָט זיך געדאַכט, אַז שוין צו פיל מאַטערט מען אים.

— איך וועל אַקאָרשט אַליין אַרויף און אַנוואַרפן אים אַביסל היי — האָט נאַסטיע באַשלאָסן.

און טאַקע באַלד האָט זי עס געטאָן. אַרויף, פאַרכאַפּט אַביסל היי און גענומען זוכן צווישן די ברעטער אַ ברייטערן שפּאַלט, דורך וועלכן זי זאָל הירשעלען דאָס היי אַראָפּוואַרפן.

האָט זיך פּלוצים אַ ברעט אָפּגעריסן, און נאַסטיע אינאיינעם מיטן היי איז אין שטאַל אַראָפּ.

— אַ-האַ! — הירשעלע האָט זיך האַסטיק אַף נאַסטיען ארויפגעוואָרפן און האָט זי רעכט מעכאַבעד געווען. אַ גליק, וואָס וואַסיע איז אָנגעקומען און האָט געגעבן הירשעלען דעם קאַנטשיק פאַרזוכן.

נאָך דעם פאַל האָבן די קינדער אויפגעהערט האָבן צו טאָן מיט אים: ניט שפּילן זיך מיט אים, ניט רייצן זיך מיט אים.

*

מיטן אָנקומען פון פרעסט איז באַם קאָרדאָן געוואָרן טויט. דאָס גאַנצע לעבן איז איינגעשטילט געוואָרן. מענטשן האָבן זיך אין צימערן פאַרשפּאַרט. נאַסטיע און וואַסיע זיינען אין שטאָט געווען, באַ אַ מומע גע-וואוינט און אין שול זיך געלערנט.

אינגיכן איז דער ערשטער שניי אויסגעפאַלן. הירשעלע האָט זייער פריידיק דעם ערשטן שניי באַגעגנט. ער האָט געטאַנצט אין שניי, געוואַל-גערט זיך אין שניי, אָנגענומען אַ פולן מויל מיט שניי און געגעסן אים.

נאָר איצט האָבן אַלע באַמערקט, וואָס פאַר אַ געדיכטן, וואַרעמען פעלץ הירשעלע פאַרמאָגט אַף זיך. באַזונדערס ווייך און פוכיק איז דער פעלץ געווען באַם האַלז, — ווי ער וואַלט מיט אַ שיינעם, וואַרעמען קאָלנער באַפּוצט געווען.

אַ פראַכטפול-שיינער געפלעכט פון פרענז האָט זיך געצויגן פון די פאָדערשטע פיס איבערן גאַנצן אונטן פונם בויך, און נאָר די פיס זיינען געבליבן, ווי זומער, דין, שלאַנק און הויל.

באַ מאַראַל שיידט זיך אונטער פון אַ צאָפּן-הירש טאַקע נאָר מיט דעם: באַ אַ צאָפּן-הירש זיינען די פיס אַסאַך קירצער און דינער, און באַ די

סאמע טלאָען זיינען זיי באוואקסן מיט א געדיכטער בארשט פון האָר, און אַ מאַראַל שפּאַצירט אום, סאי ווינטער, סאי זומער, ווי אַף הויכע דינע אָפּצאַסן.

דער גאַנצער ווינטער איז דורך אָן קיינע באַזונדערע געשעעניש. אָפּט פלעגט הירשעלע אין וואַלד אַוועקגיין, אין די בערג, אָדער אַראָפּני-דערן מיטן וועג צו די אַאולן און צו די זומער-וואוינונגען, וועלכע זיינען איצט געשטאַנען פוסט און פארשלאָגן.

ס׳האָט געטראָפן אַזוינס: הירשעלע האָט זיך אין דאָרף געלאָזט גיין און פון דאָרטן איז ער שוין געלאָפן א געיאָגטער דורך א גאנצן צענד-ליק יאגד-הינט.

דידאָזיקע הינט האָבן זיך געטראָגן מיט אַ בילעריי, און הירשעלע איז געלאָפן פאָרויס, פאריסן דעם קאָפּ, מיט שטארק זיך-באוועגנדיקע נאזלעכער. הירשעלען, ווייזט אויס, איז די שפּיל זייער געפעלן געוואָרן.

עטלעכע מאָל ארומרינגלענדיק די שטוב, פלעגט הירשעלע זיך אָפּ-שטעלן באם גאנעק, דעם פארצווייגטן, הערנערדיקן קאָפּ אָנבויגן און דרייסט אין געשלעג זיך ווארפן.

די שוואכערע הינט פלעגן באלד אָפּטרעטן און די מער איינגע-שפּארטע האָט ער מיט די שטארקע טלאָען געשלאָגן.

אז א ווארעם ווינטל האָט א בלאָז געטאָן און דער שניי איז ערטער-ווייז צעגאנגען, האָט הירשעלע זיך שטארק נאָכן וואלד פארבענקט.

אין פעווראל כוידעש האָט הירשעלע גענומען אויסקריכן, דער שיי-נער גראָ-רויטער פעלץ איז צעפליקט געוואָרן און שטיקערווייז געהאנגען.

סאָף כוידעש מארט זיינען בא אים די הערנער אָפּגעפאלן, און דער גאנצער קאָפּ זיינער האָט באקומען אן אויסזען פון מילדקייט און פאר-לאָרנקייט.

ס׳האָבן שטראָמען וואסער גענומען רינען, פון אונטערן שניי האָבן בלימעלעך זיך באוויזן, דערנאָך האָבן פעלדער און בוימער זיך צעגרינט און קינדער זיינען פון שטאָט אין וואלד געקומען.

אין די בערג האָבן זיך זייערע פריילעכע קוילעס געהערט, און די לוסטיקע שפּאצירן אין וואלד און אין פעלד האָבן זיך ווידער אנגעהויבן.

הירשעלע איז געוואָרן אומרואיק, און זייער אומעטיק. סאָף מאי, אן ערעך, האָבן זיך ווידער בא אים הערנער באוויזן.

הירשעלע האָט זייער געליטן פון פליגן, וועלכע פלעגן מאכנעסווייז באַפאלן זייַנע הערנער און זויגן דאָס יונגע בלוט פון זיי.

אין שטאל פלעגט הירשעלע אין א ווינקל זיך פארקלייבן און א גאנצן טאָג דאָרט אָפּשטיין, צו אָוונט ארויסגיין און אוועקגיין אין נאָענטן וועלדל; דאָרט פלעגט ער בלעטער פון בוימער נידעריקע ארומעסן, יונגע צווייגעלעך צעקייען און שטיקער קאָרע מאלעגיירען.

אנא איוואנאָוונא האָט הירשעלען מיטגעפילט און אף אים שטארק ראכמאָנעס געהאט — האָט זי געפּרואווט מיט א שמירעכץ די הערנער באַשמירן, אז פליגן זאָלן אים מער ניט פּייניקן. נאָר הירשעלע האָט פון דעם נאָך מער געליטן. דער שארפער עסנדיקן באַשטאנד פון דער שמירעכץ האָט זייַנע פאַנטן (אזוי הייסן יונגע הערנער בא א מאַראַל) געבּרענט.

אנא איוואנאָוונא, וועלנדיק באַרואיקן הירשעלען, האָט אים אָפּט מעכאַבעד געווען פון שענסטן און פון בעסטן. הירשעלע האָט איר מיטלייד געפילט און איז איר דערפאר שטארק דאנקבאַר געוועזן. ער פלעגט איר אפן אקסל זיין אומעטיקן פיסק אוועקלייגן און לאנג, לאנג שטיין אזוי מיט פאַרמאַכטע אויגן, פילנדיק דערבּיי דאָס ווארעמע גלעטן פון דער באַלעבאָסטעס מילדער צערטלענדיקער האנט.

אנא איוואנאָוונא האָט שטארק מוירע געקראָגן, אז עמעצער פון די יעגער, וואָס באַווייזן זיך לעצטנס אין די בערג, זאָלן הירשעלען ניט אוועקפּאטערן, אָנעמענדיק אים פאר א ווילדן הירש, — האָט זי אים א בּרייטן רימענעם האלזבאנד אָנגעטאָן און צום האלזבאנד צווייַ בונטע בענדלעך צוגענייט: א רויטס און א בלאָעס.

פונדעסטוועגן האָט עס ניט געהאלפן, און הירשעלען האָט פארט דעם יעגערס קויל ניט אויסגעמיטן.

געשעען איז עס אָט ווי אזוי.

*

אנדערהאלבּן קילאָמעטער ווייט פון קאָרדאָן, אינדערהויך, אף איינעם פון די דערבּייאיקע בערג, האָט זיך אין א בּיידל באַזעצט עפּעס איינער א גרויסשטאָטיקער, און, ווי דאָ האָט מען אים גערופן, א יעגער-נאטוראליסט.

גאנצע טעג פלעגט ער ארומשפּאצירן אין די בּערג מיט א פאָטאָגראַפישן אפּאראט — קליינע, פארשיידענערליי שטיינדעלעך און גרעזלעך קלייבן. צו אָוונט פלעגט דער יעגער-נאטוראליסט דאָס געפונענע אין באַזונדערע קעסטעלעך פאנאנדערלייגן.

דאָס ערשטע מאָל האָט הירשעלע געטראָפן דאָסביידל ליידיק. איז ער אריין אינעווייניק, געפּרואווט עס אף די הערנער אויפהויבן, מיט די פיס די ווענטלעך א שטויס טאָן, דערנאָך איז ער ארויס און גענומען אונ-טערקלייבן אלץ, וואָס איז ארום ביידל געלעגן: א שטיקל פּאפּיר — אויפ-געהויבן און קייען גענומען, שטיקלעך ניטדערויכערטע פּאפּיראָסן — אין מויל פארכאפּט. און הירשעלע האָט באשלאָסן, אז אין אלגעמיין איז דאָס ביידל ניט קיין שלעכטס און מע קאָן, און עס איז קעדאַי עס אָפטער צו באזוכן.

אַף מאָרגן אין אָוונט איז הירשעלע פון פינסטערער שטאל ארויס און צום ביידל זיך געלאָזט גיין.

די ברעגן פון ביידל זיינען געווען אויפגעלייגט און הירשעלע האָט זיכער אַהין דעם קאָפּ אַריינגעשטעקט.

צו זיין גרויסן אומגליק איז דאַפקע היינט דער יעגער אינדערהיים געווען און, ניט דערזעענדיק צוערשט די רויטע און בלאָע בענדלעך אף הירשעלעס האַלז און, ניט באטראכטנדיק זיך אפילע, אז א הירש א וויל-דער וועט קיינמאָל אַזוי נאָענט צו א מענטשישער וואוינונג ניט צוגיין, — האָט ער די ביקס געכאפּט און אויסגעשאָסן.

הירשעלע איז מיט אַ שווערן זיפץ אף דער ערד אומגעפאַלן.

אַ פאַרבייפאָרנדער וואַלד-שומער האָט דעם שאָס דערהערט און באַלד צו הילף זיך געלאָזט.

דערזעענדיק, ווי הירשעלע ליגט אף דער ערד און גייט אָפּ מיט בלוט און ווי דער גרויסשטאָטיקער פּאכדן קוקט פאנאנדער די רויטע און בלאָע בענדלעך בא אים אַפן האלז, — איז ער באלד אפן פערד ארויף — און צו טשובארינען.

— לויפט גיכער! אן אומגליק איז געשען! מע האָט אייער הירשע-לען דערהארגעט! — האָט ער אויסגעשריען אריינלויפנדיק אין שטוב.

טשובארין האָט געכאפּט די ביקס און זיך געלאָזט לויפן.

אנא איוואנאָוונא, מוירע האָבנדיק, אז דער מאן זאָל פון קאַעס קיין בייז ניט אָנטאָן, האָט זיך צוגעאיילט נאָך אים.

זי האָט באוויזן קומען צו דער צייט, ווען דער נאטוראליסט, אויס-הערנדיק שוין פון טשובארינען א היפּש ביסל זידלערייען און דראָונגען, — איז געשטאַנען א פאַרברענטער פאַר בושע און געבעטן מעכילע בא אים.

— גייט אייך מיט אייער מעכילע-בעטן איניינעם — דאָס באשעפעניש

אַ שאָד — פאַרוואָס זאָל פארפאלן גיין אַזאַ הירשעלע? — האָט טשובארין געטאַינעט.

און די גאנצע אויפמערקזאמקייט האָט ער געווענדט אפן פארוואונדעטן.

צום גליק איז דער נאטוראליסט אזא בעריע געווען, אז אפילע שיסנדיק גלייך, אקעגן זיך, האָט ער הירשעלען נאָר אין האָרן געטראָפן און ניט אין קאָפּ. ער האָט דעם האָרן אף דורך און דורך דורכגעשאָסן, און דאָס אויבערשטע פונם האָרן, דער שפּיץ, איז געבליבן הענגען אפן פעלעכל.

אַנאַ איוואַנאָוונאַ האָט זיך אַרום הירשעלען געפּאָרעט.

דער נאַטוראַליסט איז געקומען צו הילף מיט זיין וועג-אַפּטייקל, אליין נאָך וואַסער געלאָפן און ביכלאַל געטאָן אלץ, קעדיי פארגלעטן זיין שולד.

דאָס שטיקל הענגענדיקן האָרן האָט מען הירשעלען אפגעזעגט און מיט דעם אים אַסאַך ווייטיק פאַרשאַפט. ער האָט מיט די פיס געשלאָגן און ס׳בלוט האָט אזוי ווייט דערלאַנגט, אַז דער בוים, וואָס איז געשטאנען פיר—פינף טריט פון דעם אָרט, איז אין פיל ערטער רויט געוואָרן.

אַז מע האָט די אָפּעראַציע פאַרענדיקט און די וואונד מיט יאָד באַגאָסן איז הירשעלע אָן קויכעס ליגן געבליבן.

אַ גאנצע נאַכט איז ער אָפּגעלעגן אף איין אָרט, שווער געאָטעמט און געזיפצט.

אַף מאָרגן איז ער אויפגעשטאַנען און אליין צום קארדאן געקומען.

יענץ יאָר זיינען די הערנער בא אים געווען ניט קיין גלייכע: איינער, ווי ס׳געהער צו זיין, און דער צווייטער א קורצער, אף דורך און דורך א דורכגעשאָסענער.

די טשובאַרינס האָבן געמיינט, אַז בא הירשעלען וועלן שוין אַף שטענדיק די הערנער פאַרבלייבן ניט קיין גלייכע, נאר זיי האָבן אַ טאָעס געהאַט.

קומענדיקן פרילינג זיינען די הערנער אָפּגעפאַלן און, אָן ערעך, צו יון-כוידעש זיינען אָפּגעוואקסן אַנדערע — ווידער שיינע, גרויסע, פאַרצווייגטע הערנער.

די קינדער זיינען געוואקסן זייט באַזייט מיט הירשעלען און האָבן פאַר

אים גאָר קיין מוירע ניט געהאַט, כאָטש ער איז, אי גרעסער, אי שטאַר-קער געוועזן פאַר זיי.

יעדעס מאָל, ווען הירשעלע פלעגט די הערנער פאַרלירן און בלייבן הילפסלאָז, פלעגן זיי אַף אים ראַכמאָנעס קריגן, פעסטען אים, און אַזוי ביסלעכווייז, אומבאַמערקט, האָבן זיי זיך צוגעוואוינט טראַכטן, אַז זיי זיינען עס די פאַרטיידיקער און באַשיצער זיינע.

דערפאַר, ווען הירשעלעס הערנער זיינען אָפּגעוואַקסן און זיינען שטאַרק געוואָרן, פלעגט ער זיי באַווייזן, ווער עלטער איז, און זיי פלעגן נאָך אים נאָכלויפן און שרייען:

— נו, נו, מאַך זיך ניט גרויס! נאַרישער קאָפּ איינער!

און הירשעלע, זעענדיק, אַז זיינע דראָענדיקע שטיק האָבן ניט דעם געהעריקן ערפאָלג, פלעגט צוגיין, נעמען באַ זיי פון די הענט דאָס ברויט



און זאַלץ און צערטלעך מיטן פיסק אין פּאָנעם זיי שפּאַרן, ווי איינער רעדט: נאַרישע קינדער, וואָס איר זייט, איך האָב דאָך נאָר געוואָלט אַ רייץ טאָן זיך מיט אייך.

איינמאָל, אַז הירשעלע איז אַלט געווען דאָס זעקסטע יאָר, איז ער פּלוצים אַוועק פון דער היים און פאַרפאַלן געוואָרן אַף גאַנצע צוויי כאַדאָשים.

באַ טשובאַרינס אין שטוב האָבן זיך אַלע שטאַרק באַאומרואיקט פאַר הירשעלעס גורל. זיי האָבן שוין באַשלאָסן, אַז עמעצער פון די יעגער האָט הירשעלען געוויס אַוועקגעפּאַטערט.

נאָר ס׳הויבט זיך גאָר ניט אָן. איינמאָל, אומקערנדיק זיך פון דער וואַך, האָט טשובאַרין דערזען עפּעס אַ גאַנצע אַסיפע בעהיימעס, האָט ער לאַנגזאַם צו דעם אָרט זיך דערנעענטערט און אַ קוק געגעבן: ערשט היר-שעלע שטייט אינמיטן קרייז און טאַנצט און באַווייזט זיינע קונץ-שטיק: ער האָט זיך אַף איין אָרט געדרייט, דעם הערנערדיקן קאָפּ אָנגעבויגן, אַף די הינטערשטע פיס זיך געשטעלט און פאר יעדער בעהיימע זיך פאר-נויגט.

די בעהיימעס זיינען געשטאנען, נאַריש געקוקט און געכידעשט זיך, און ווען-ניט-ווען אַ לאנגען מרוק ארויסגעלאָזט.

— אך דו לעך איינער! — האָט טשובאַרין פּלוצים זיך צעלאַכט; ער איז צופרידן געווען, וואָס ער האָט געטראָפן הירשעלען ניט נאָר אַ לעבע-דיקן, נאָר נאָך אין אַזאַ געהויבענער שטימונג.

דערהערנדיק דאָס קאָל האָט הירשעלע אויפגעציטערט, אַריבער די בעהיימעס אַריבערגעשפּרונגען און באלד צום קארדאן אנטלאָפן.

עטלעכע טעג איז ער געוואלטיק צארט און נאכגיביק געווען. אנא איוואנאָוונא האָט פון אים שטארק אָנגעקוואָלן און גאָרניט געקאנט אָנ-קוקן זיך אף אים.

נאָר באלד נאָך הירשעלעס אומקערן זיך האָט טשובארין זיך דער-וואוסט, אז דאָ אין ארומיקן וואלד, האָבן עטלעכע מאַראַלן זיך פארפירט. האָט ער עס אנא איוואנאָוונא דערציילט און געוואָרנט זי, אז איצט, ווייזט אויס, איז שוין הירשעלע ניט זייערער.

אנא איוואנאָוונא האָט זיך גלויבן ניט געוואָלט: ער וועט אוועק, פארפאלן ווערן אף אַביסל צייט, נאָר ער וועט ווידער קומען.

נאָר הירשעלע איז אוועק. איבערן גרענעץ אוועק, און אף שטענדיק.

ס׳איז אָנגעקומען יענע צייט, ווען א הירש איז גרייט זיך שלאָגן מיט גאָר דער וועלט, זוכנדיק א פּרוי פאר זיך. הירשעלע איז געווען א שטארקער און קרעפטיק-אויפגעצויגענער מאַראַל, און די קינדער האָבן זיך מיט דעם נאָר געטרייסט, אז הירשעלע וועט אלע זיינע קעגנער בייקומען און ווערן וועט ער בא זיי דער העלד, דער אָנפירער.

און אזוי איז עס, מיסטאָמע, געווען!

— זיי געזונט און שטארק, הירשעלע, און פארגעס אונז ניט!

